ד. מעדרעס



# אופ דער אכטער דיסטאנציע

מ.פ.וו. - יידסעקטער - מינסק - 1932

ב. מעדרעש

# אפ דער אכטער דיסטאנציע



מעלוכע-פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
ייִדסעקטער

מינסק 1932

№ 566
רעדאקטער—מ. דובראָוויצקי
ליטקאָרעקטור—האָדער
טעכרעדאקטער—קארפינאָוויטש
אָפּגעגעבנ אינ דרוקערײַ דעמ 25/IV 32 י.
אונטערגעשריבנ צומ דרוק דעמ 29/IV 32 י.

# אינהאלט



דרוקערײַ א. נ. סטאלינ

באשטעלונג 1005. טיראזש 3800. גלאַווליטבעל 331.

# א בריוו קיינ באקו



זדראָוו, ברודער זעליק!

וואָס מאכסטו איצ וויַיטנ באקו? זיצסט נאָכ אלצ אפ די נאפט־קוואלנ אונ דער־לאנגסט טעמפּנ פארנ פינפיאָר? זיַי געגריסט, העלדישער ברודער. האָסט מיט דיַינע כאוויירים אויסגעפילט דעמ ערשטנ פינפיאָר אינ צוויי מיט א האלבע יאָר, געבנדיק דער מעלוכע 26,4 מיליאָנ טאָנ נאפט, האָסט באזאָרגט מיט שפּיַיז, מיט בענזינ, אונ־דזערע סאָוועטישע מאשינעס, קעדיי מיטנ פולנ דאמפּ שפּריַיזנ פאָרויס צומ סאָציאַ־ליזמ, ביסט א העלד, ברודער מיַינער!

דיַינ בריגאדע איז א שלאָגלערישע, טאָ שלאָג זיכ אויכ ווי פריער פארנ פּראָמ־פינפּלאנ, פארגעדענקט, אז צומ סאָפ פונ צווייטנ פינפיאָר דארפט איר געבנ דער מעלוכע 78 מיליאָנ טאָנ. ווייס, אז מיר שפּירנ נאָכ יעדנ טראָט דיַינעמ. מיר לערנענ זיכ גיינ אפ דיַינ וועג — מיר קינדער פונ דער פּאָליטעכנישער שול.

קומ צופאָרנ — וועסט אונדזער שטאָט ניט דערקענענ. זי קריכט ניט אראָפּ פונ די רישטאָוואניעס. טאָג נאָכ טאָג וואקסנ אויס פונ דער ערד אינ די הימלענ אריַינ נייַע גראנדיעזע זאוואָדנ, בוידונגענ, נייַע גאסנ, נייַע הייַזער — א נייַע שטאָט.

אונ מיר לערנענ זיכ, מיר לערנענ זיכ פארבייַטנ די עלטערע ארבעטער באמ ווארשטאט, מיר שלאָגנ זיכ, ווי דו, פאר טעכניק, פארנ פּראָמפינפּלאנ, פאר דער לעניניסטער לערע, פאר א געזונטנ פארבייַט.

וויַיל די שטאָלענע לענינישע פּארטיי פירט אונדז אפ א ריכטיקנ וועג — פאָרויס צומ קאָמוניזמ.

ווײס איכ, אז דו וועסט אָנשרײַבנ א בריוו וועגנ אײַער העלדישער ארבעט דאָרטנ בא אײַכ אפ די נאפט־קוואלנ אינ באקו,—דו וועסט דערצײלנ אונ מיר וועלנ לײענענ די העלדישע בלעטלעכ פונ קאמפ פארנ סאָציאליסטישנ לאנד—דעם פאָטערלאנד פונ אלוועלטלעכנ פראָלעטאריאט.

שרײַבסטו אָנ, ברודער מײַנער? פארגעדענק, איכ ווארט אפ א בריוו.

קוק זיכ גוט צו, ווי מיר ארבעטנ אונ לערנענ זיכ,—וועסטו זענ, אז דײַנע ייִנ־גערע ברידערלעכ גײענ אויכ אפ דײַנ וועג.

גריס דאָרט דײַנע יאטנ—די שלאָגלער פונ פינפיאָר.

דײַנ ברודער דער פּיאָנער—

יאשע.

# אַפּ דער אַכטער דיסטאַנציע

אָט איז דער לערער אראָן. אַפּ זײַן ברײטן נאָז ליגן חי שטענדיק זײַנע שוואַרצע ברילן און פון זיי קוקן אַרויס צוויי שמײכלענדיקע אויגן.

— כעווירע פּאַרטיק?

— פּאַרטיק!

איצט ווײסן די יאַטן אַפּגעווײס.

— מיר גײען, מיר גײען אַפּ דער אַכטער דיסטאַנציע.

לערער אראָן קוקט אַפּ די שילער און איז צופרידן. די שילער קוקן אַפּן לערער אראָן און זײַנען זײער צופרידן.

— קומט.

מיר גײען.

זוניקע שטראַלן פאַלן שוין גלײַך אַפּ נאַסע טראָטואַרן און זי ווערן טרוקן—די נאַסע טראָטואַרן.

גײען יאַטן, פול מיט פרײד און ענטוזיאַזם.

ווען דער פּאַרוואַלטער אָפּזאָגן?

ניין! ניין!

אַלע טראַכטן וועגן אײנס. דער אײנציקער וואָרט, וואָס לאָזט זיך הערן:

— פּאָ־לי־טעכ־ני־זאַ־ציע.

ליגט די אַכטע דיסטאַנציע צעלײגט אַפּן פרײַען פעלד אויש הינטערן שטאָט. צוגן לויפן דאָ אום הין און צוריק און ברענגען צופירן פולע וואַגאָנען שטײנער יאַראָסלאַווקעס סאָוועטישע צעפירן די שטײנער איבער צענדליקער קילאָמעטער צו די שטײנהעקער. ברוקירער כאַפּן אונטער די שטײנער—און אַ לאַנגער שאָסײ־וועג הײבט אָן וואַקסן.

דער פּאַרוואַלטער פון דיסטאַנציע, ח׳ אַקימאָוו, האָט פרײלעך אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

— זיצט!

זיצן די שילער און קוקן אַפּן לערער אראָן, קוקן אַפּן פּאַרוואַלטער ח׳ אַקימאָוו.

— נו?

— וואָס נו?

האָט גערעדט דער לערער אראָן, האָט צוגעגעבן דער שילער קאַפּלאַן:

— אזוי און אזוי, כ׳ אקימאָוו, איַער דיסטאַנציע דארפ זיַין די באַזע אפ פּאָלי־טעכניזירן אונדזער שול.

— מיר זיַינען אָנגעלאָדן מיט קענטענישן, מיר האָבן קויכעס, מיר ווילן פּרוּוון אונדזערע קויכעס.

— יאָ...

כאַווער אקימאָוו איז מונטער און פריילעך. און אָט האָט ער זיך פּלינק א הייב געטאָן פון שטול!

— קומט, איך וועל איַיך העלפן מיט וואָס נאָר איך וועל קענען.

ארויס זיַינען מיר אַלע אפן פריַיען פעלד.

אָט דאָ וועלן מיר מאכן א שאָסיי, — האָט כ׳ אקימאָוו אָנגעוויזן אפ א גליַיכער ליניע אין דער טיפער וויַיטקיַיט. — אָט דאָ וועלן מיר צייַט א יאָר האָבן א שאָסיי — אזש קיין מאַלעוו. סאָוועטישע אווטאָמאָבילן וועלן איבער דעם וועג פיַיל פון בויגן פליִען און פירן סכוירעס פון שטאָט אין די קאָלווירטן און פראָדוקטן פון די קאָלווירטן אין שטאָט אריַין. דאָ וועלן שוין מער ניט זיַין קיין בלאָטעס, גריבער און בערגלעך, עס וועט זיַין — גלאַטער אספאַלט.

— אינטערעסאַנט.

— יאָ, פאר איַיך אָט ליגט א פעלד פון ארבעט: העלפן רעמאָנטירן צעבראָכענע מאַשינעס, דערלערנען זיי, לערנען זיך אַליין אָנפירן מיט זיי. איז וואָס? זיַיט איר איַינשטימיק?

— א פראַגע!

דער לערער אראָן איז צופרידן. ער נעמט איטלעכע וויַילע אראָפּ די ברילן פון נאָז אוןווישט זיי אויס. קוקן יאַטן אפן לערער. ווי זיי וואָלטן אפ זיַין פּאָנעם וועלן אן ענטפער געפינען.

— ווי האַלט איר, לערער אראָן?

דער לערער אראָן טוט אָן די ברילן. צווייען דריקן זיך פעסט די הענט — דער לערער אראָן און דער כ׳ אקימאָוו.

— לויפן אווטאָמאָבילן אום הין און צוריק. זיי זיַינען שווערע. זיי זיַינען אָנגעלאָדן מיט זאמד און שטיינער. זיי פליִען און טראָגן זיך אוועק וויַיט — וויַיט...

זיַינען די שילער אוועק אין שול.

שליאָמקע לויפט פאָרויס און ציט דעם לערער פארן ארבל:

— וועלן מיר הייסט עס שאָפערן זיַין, לערער?

— און מעכאַניקער?

— דעם מאָטאָר אויך דערלערנען?

— און אָנפירן מיט אים?

און מייער, דער סאַמע קלענסטער, איז פאָרויס פאר אלעמען געגאַנגען און האָט אונטערגעשפּרונגען פון פרייד.

— איַי, לערער, וועלן מיר זיך דאָס קאַטיַיען...

ווידער איז די שול פול מיט קינדערשע קעלכעלעך. היַינט אין יאָנטעוו אין שול. איבערן זאַל האָבן זיך קינדערשע פיסלעך געטראָגן אין א טענצל. מייער האָט די הויזלעך פארקאַשערט און גיב אוועקגעשפּאַנט, ווי אן אווטאָמאָביל:

— טש־טש־מש־טשו־טהו־טו־טו—לאָזט דעם וועג!

זײַנען אַלע קינדער אװעק נאָך אים:

... שאָפערן װעלן מיר זײַן... דעם רול האַלטן אָט אַזוי אין האַנט, פעסט, פעסט...

אַלע װעלן דיר דעם װעג באַפרײַען... לאָזט, אַן אױטאָמאָביל פאָרט... אָט איז, דוכט זיך, איינער אונטערן ראָד... דעם טאָרמאָז... אַרויסגעראַטעוועט... װײַטער, װײַטער...

איטשע האָט א טאַטן—איז ער א געוועזענער קרעמערל, איטשע קוקט אין דער קרום אַף אָט דער פרייד פון צענדליקער שילער, ער שטייט אָן א זײַט און בורטשעט:

— איך האָב מוירע, איך זאָל אונטער די רעדער ניט אַרונטערפאַלן, אַף וואָס טויג מיר דעמלט די גאַנצע שאָפערײַ.

— גוטמאָרגן, ער איז ווידער דאָ.

— רויק!—

★ ★ ★

פאַרוואָס איז די לערערקע פון פיזקולטור, כ־טע גאָלדבערג, הײַנט אַזוי נערוועז? ווער איז שולדיק, וואָס הײַנט לויפט נאָר דער באָל אין פענצטער און עס פּלאַצט א שויב נאָך א שויב.

פאַרוואָס זײַנען די קינדער הײַנט אַזוי האָפּערדיק?

עפּשער דערפאַר, ווײַל דאָס איז דער לעצטער לימעד, און מאָרגן...

— מאָרגן?—מאָרגן אַף דער אכטער דיסטאַנציע.

— א פּראַגע!!

— קלאָר.

איז טאַקע די כ־טע גאָלדבערג הײַנט בייז און דערפאַר באַרויִקט זי יאַנקל:

— מע דאַרף זיך ניט נעמען צום האַרצן, לערערקע, װעט פּלאַצן א שויב— װעט מער אױטיל זײַן...



אײַ, לערער, װעלן מיר זיך דאָס קאַטײַען...

— און מיר קלײַבן דאָס אױטיל!

— פון אױטיל װעלן מיר מאַכן מאַשינעס!

— און אַף מאַשינעס װעלן מיר זיך קאַטײַען...

— הוראַ!

— זע נאָר, װילסט ברעכן שויבן אַף אױטיל? צעפּליק דײַן העמדל, װעט אױך אױטיל זײַן.

— וואָס האָסטו ווייניק זאַכן פאַר אױטיל,—איז יאַנקל אַרויסגעטראָטן—נאָר שויבן ברעכן?

— קינדער, װערט די לערערקע שויך אין קאַעס,—זאָל שויך זײַן אַן עק, אכטונג

— א סאָפּ! א סאָפּ!

# זײַנען מיר בריגאַדירן

דורך די לאָדן האָט אָנגעהויבן אַרײַנקוקן דער דערוואַרטעטער פֿאַרטאָג. און הײַל דער פֿאַרטאָג איז הײַנט אַ וויכטיקער, ווײַל אַ גאַנצע נאַכט איז דער געלעגער איבעריק געווען,—איז אָנגעטאָן זיך און אָפּ ביידע פֿיס אין שול אַרײַן.

זײַנען שוין בײַ יאַטן גרייט בלײַפֿעדערס און בלאָקנאָטן, איז מען גרייט אין וועג אַרײַן.

און יאַשע לייגט פֿאָר:

— יאַטן, לאָמיר זיך, אַלע אַכצן דערקלערן פֿאַר אַ שלאָג־בריגאַדע.

— דערלאַנג!

— אַ נאָמען געבן דער בריגאַדע.

— אַ נאָמען?

— וואָ־ראָ־שי־לאָוו!

— אײַנשטימיק!

איז יאַשקע געוואָרן דער סעקרע־טאַר פֿון דער בריגאַדע. יאַשקע איז אַן איבערגעגעבענער פּיאָנער, און אַק־טיווער און אַ גוטער שילער.



... און אין וועג אַרײַן ...

ס׳איז נאָך פֿרי. אָפּ דער אַכטער דיסטאַנציע איז שוין אָבער לעבעדיק.

שטייען 26 סאָוועטישע „פֿאָרדן" אויסגעפּוצט. זיי זײַנען גרייט איצט די שווערסטע מאַסע אָפּ זיך נעמען און טראָגן זיך מיט דעם פֿײַט־ווײַט...

גאָר מאָדנע האָבן די שאָפֿערס אופֿגענומען די בריגאַדע. אָפּ דער באַגריסונג האָבן זיי געענטפֿערט.

— זדראַוואָ, קאַראַפּוזיקי!

און איינער אַ שאָפֿער האָט אַ טומל אַפּילע אופֿגעהויבן:

— זעט נאָר, ברידער, שנעקעס,—וואָס וועלן זיי דאָ טאָן?

אַ צווייטער האָט אַ שפּײַ געטאָן קונציק אָפּ דער זײַט פֿון דער בריגאַדע און אויסגעפּײַפֿט אַזוי:

— איר קוקט זיי אָן, רעביאַ, וועלן זיי דאָס „גרוזשטשיקעס" זײַן, וועלן זיי עס שטיינער וואַרפֿן, אַז אַ רויך וועט גיין...

און די שאָפֿערס האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

מאָדנע האָט זיי אויך אָנגעקוקט די בריגאַדע, האָבן יאַטן איינער אָפּן צווייטן געקוקט און געטראַכט:

— טאַקע פֿון וואָס וועלן מיר דאָס אָנהויבן טאָן?

נאָר אָט האָבן זיך צערעדט מאָטאָרן, עס האָבן זיך צעשפּילט אויטאָ־סירענעס—טו־טו־טו—און צעפֿאָרן זיך.

אפן פעלד איז געבליבן נאָר דער גראַוש מיט די צעבראָכענע מאַשינעס, וואָס וואַרטן אפּ א גיכער היילונג, און די בריגאַדע מיט יאַשקען אין דער שפּיץ.

איטשע האָט גענומען א וואָרט:

— יאַטן, וואָס שטייען מיר, ווי ליימענע גולעמס! איר זעט ניט, אז מע וועט אונדז דאָ באַלד געבן אין קאַרק? פאָליטעכניזירן זיך ווילט זיך זיי! עפּשער וואָלטן מיר גאָר אוועק צוריק אין שול אַריין...

אַלעמען איז געוואָרן זויערלעך אפן האַרצן.

יאַשע האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן און גענומען דעם שאַנ פון אן עלטסטן בריגאַדיר:

— וועסט פאַרמאַכן דיין פּיסק?

יאַשע איז אוועק און געקומען איז ער מיט נאָך איינעם, מיט א שאָפער. אפ יאַשקעס פּאָנעם האָט געשפּילט א פרייד.

— אָט איז די בריגאַדע און אָט איז אונדזער אָנפירער.

— כ' קראַוטשענקאָ, זייט באַקאַנט!

— זייט איר גרייט?

— גרייט!

— סאָ קומט!

כ' קראַוטשענקאָ איז ערנסט, כ' קראַוטשענקאָ איז א פּאַרטיי-מאַן. ער איז צופרידן, וואָס אים וועט אויסקומען אָנפירן און לערנען די שול-בריגאַדע.

האָט ער אויסגעצויגן א האַנט א כאַווערישע דער בריגאַדע און צוגעפירט צו אן אַוטאָ-מאַשין.

— אָט איבער דעם אַווטאָמאָביל וועלן מיר אַרבעטן, אַרבעטן אַזוי לאַנג, ביז מירן אים אפ די פיס אוועקשטעלן, ביז מירן אפ אים פאָרן.

איר זעט דעם אַווטאָמאָביל? ער איז נאָך גאָר א נייער. אָבער צוליב א נאַכלעסיקער באַציִונג פון איינעם א שאָפער, וועלכער האָט פאַרגעסן אָנגיסן אייל אין קאַרטער,— זיינען זיך די קני-צוקייטלונגען פאַנאַנדערגעגאַנגען. איצט רירט ער זיך גיט פון אָרט. דערווייל איז ער א טויטער.

— וועלן מיר אים פאַנאַנדערנעמען, העלפן אים פאַריכטן.

די אַרבעט איז ניט לייכט. עס איז אָבער פריילעך. קינדער האָבן שליסלען אין די הענט באַקומען, אָט דרייען זיך שרייפלעך פון פאַרשיידענע ערטער פונעם האַרצן פון באַוועגער.

— ווו לייגט מען די הייקע, די מוטערקע, כ' קראַוטשענקאָ.

— אָט אין יענעם צינק-קעסטל.

— פאָרזיכטיק, פאָרזיכטיק, רייס ניט אַראָפּ דעם שרויפ.

— אָט אַזוי, אָ!

יאַנקל האָט דאָס אויבערשטע דעקל פון מאָטאָר, דעם קאַפּאָט אוועקגעטראָגן, ער איז געפאַלן און זיך אויסגעשמירט אין אווטאָל „ט" [1].

[1] אווטאָל „ט"— אַווטאָמאָביל-אייל.

לאכנ פונ אים די יאטנ.

— א בערישער קער.

און יאנקל לאכט אויכ. ער וועט איצט, דוכט זיכ, די שווערסטע ארבעט נעמענ. זאל מענ נאר פונ אים נים לאכנ. ער וועט זיכ שוינ מער ניט אויסגליטשנ.

אלע זײַנענ צופרידנ. די טײלנ פונ באוועגער, וועגנ וועלכע כ׳ קראווטשענקא האט דערציילט, זײַנענ שווערלעכ געקראכנ אינ קאפ. אײנציקע נאר געדענקענ זיכ. עס געדענקט זיכ אזוי:

— צילינדער—נו, א בורזשוי מיט א צילינדער.

— בלאק,—נו, בלאקנאט מינוס נאט וועט זײַנ בלאק.

און אזוי ווײַטער.

איז וואס איז דא צו געדענקענ. כ׳ קראווטשענקא איז דאכ אינ זײַערע הענט. כ׳ קראווטשענקא איז דאכ אנ אײגענער יאט, וועט ער זײ נאכ טעארעטיש אלצ געבנ צו פארשטײנ. זײ וועלנ אלצ פארשרײַבנ און וועלנ עס דערלערנענ און אויס־לערנענ.

ס׳איז אנ איבעררײַס אפ מיטיק. זײַנענ די שילער אויכ אוועק עסנ. זעענ די שאפערס די שילער, זעענ די שילע[illegible] שאפערס. מע ווארפט זיכ איבער מיט ווערטלעכ.

— וויפל דארפסטו אזוינע יאטנ?

— 2 טוצ.

— העלפנ.

— זע, פאראנ אויכ צווישנ זײ מײדלעכ.

אינ קאנצעליאריע האט מענ גערופנ דעם עלטסטנ בריגאדיר. יאשקע איז אוועק.

— כ׳ אקימאוו, גוט מארגנ!

— נו, ווי גײט עס?

— זײער גוט!

— צופרידנ?

— נאכ ווי!

— איז אט. מע דארפ עטלעכע יאטנ אריבערפירנ אינ קאנצעליאריע. ס׳איז דא וואס צו טאנ.

— מע קאנ.

האט שליאמקע איבערגענומענ די קאמאנדע איבער דער נײַער גרופע. מיט שליאמקענ זײַנענ אוועק עטלעכע יאטלעכ און דרײַ מײדלעכ.

בא א טישל זיצט די נײַע גרופע. זײ לײענענ א בוכ. א בוכ פונ אויסרײדנ. דאס איז א בוכ, ווו עס זײַנענ פארשריבנ פאלנ, ווענ שאפערס האבנ זיכ שלעכט באצויגנ צו דער טעכניק, צו דער מאשינ.

— „פארד״ AA 1½ טאנ, נומ. 3756850 איז נאר וואס ארויס פונ קאפיטאלנ רעמאנט. טײקעפ אפנ ערשטנ פרווו, ווי נאר דער שאפער פעטרא גלאבוש האט זיכ געזעצט באם רול, האט ער פארגעסנ אנגיסנ וואסער אינ ראדיאטער, צוליב וואס דער בלאק האט זיכ צעשמאלצנ״.

— „אמא ф—15 איז אוועקגעשטעלט געווארנ אפ א לאנגער צײַט אינ רעמאנט, צוליב דער אומפארזיכטיקײַט פונ שאפער איוואנ קאבלעצ, וועלכער איז אנגע־

שפרונגען אפ א בוים, ער האָט צעביִיגט די פּאָדערשטע אקס און אויסגעזעצט דעם קאַרטער פון די לאַפּעס".

— „צוליב א געיעג נאָך א „רעקאָרד" פון גיך פאָרן האָבן זיך צוזאַמענגע-שטויסן צוויי פּאָרדן אונטער דער אָנפירונג פון זעליקמאַן און גרישעל. עס זיינען צעפּאַטערט צוויי ראַדיאַטערס, פּראָפּעלערס, פּאַרן, קראַנשטיינען".

און נאָך אַסאַך אַזעלכע פאַקטן.

איז בא אָט דער גרופּע שילער אַן אידייע אויפגעקומען. זיי האָבן באַשטימט:

— ניטאָ קיין רויטע און שוואַרצע ברעט!

— וועט זיין!

— פּראָגולשטשיקעס?

— ביז נייע!

— היינט באַרייסער „רעקאָרדיסטן".

★ ★ ★

דער ערשטער טאָג איז געווען א תּולער, א גלאַדענער, ווי א שווער געלאָדענע מאַשין. זיינען די שילער אַהיים געקומען פול מיט איינדרוקן.

דער היינטיקער טאָג אפ דער אַכטער דיסטאַנציע האָט אַריינגעטראָגן א פרישן שטראָם מונטערקייט און פרייליכקייט אין שול.

קלאָר האָבן די שילער באַנומען:

— פּאָליטעכניזאַציע—לערנען זיך און אַרבעטן!



## א סקאַנדאַל אין שול

זיינען טעג געפלויגן שנעל. די שילער לערנען זיך און זיינען צופרידן, זיי אַר-בעטן אפ דער אַכטער דיסטאַנציע און זיינען צופרידן.

אָבער היינט איז עפּעס דער לערער אַראָן זייער אויפגעבראַכט.

— וואָס איז אַזוינס געשען?

קיינמאָל האָבן נאָך די קינדער ניט געזען אַזא דעם לערער אַראָן. וואָס האָט עס אים איצט אַזוי אויפגערעגט?

דער ענטפער איז—איטשע.

איטשעס טאטע איז מיט עטלעכע יאָר צוריק נאָך געווען א קרעמערל. אָט דאָרטן אפּן מארק איז ער געשטאַנען מיט א טישל. איצט ארבעט ער אלס א שוואַרצאַר־בעטער באַם אויסגראָבן טאָרף הינטערן שטאָט.

קומט ער צוגיין אהיים פון דער ארבעט אַן אומצופרידענער. באַם עסן וועטשערע הייבט מען קימאַט שטענדיק אָן צו שמועסן.

איטשעס טאטע רעדט בייז און מיט קאַעס. עפּעס איז ער אומצופרידן.

— זיי זאָגן, אז מיר לעבן איבער שוועריקייטן, זיי זאָגן, אז דאָס איז דערפאר, ווייל מיר וואַקסן זייער שנעל. איך וויל אָבער דערפון ניט וויסן. איך וויל לעבן ווי א מענטש. אמאָל, ווען איך בין נאָך געשטאַנען אפּן מארק מיטן טישל, האָב איך בעסער געלעבט.

אָט אזעלכע שמועסן כאַזערן זיך איבער זייער אָפט. בלויז דענסטמאָל, ווען איטשעס טאטע באַקומט געלט, ווערט ער אביסל פריילעכער.

איז אָט...

געווען איז א לימעד פון געזעלשאַפטסקענטעניש אין פינפטן קלאַס.

גייט די לעקציע ווי אלעמאָל. דער לערער אראָן דערציילט וועגן אונדזערע גרויסע דערגרייכונגען אין דער סאָציאַליסטישער בויונג. ער דערציילט און אילוסטרירט עס אפּ דער קאַרטע פון פינפיאָריקן פּלאַן. ער רעדט אויך וועגן אונדזערע שוועריקייטן.

הערן אלע אופמערקזאַם און אָנגעשטרענגט.

— פאַרוואָס איז עס, לערער אראָן? איר זאָגט, אז אלץ איז פאַראַן, און מיר האָבן גאָרנישט פון דעם. שיך ניטאָ. אָט זעט, אפילע מיינע שיך בעטן אויך עסן. איז אפּ וואָס טויג עס אונדז אלץ, הא?...

דאָס האָט געפרעגט איטשע און זיך אוועקגעזעצט.

עס איז שטיל.

יאשע האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און איז אופגעשפּרונגען.

— כאַווײַרים, — האָט ער אָנגעהויבן, — ביז ווי לאַנג וועלן מיר הערן אזעלכע קלאַסן־פײַנטלעכע רייד אין אונדזערער א סאָוועטישער שול. איטשעס מיינונג איז זײַן טאטנס מיינונג. מיר, פּיאָנערן און שילער, וויסן, אז דער פינפיאָר איז פאַר אונדז ארבעטער־קינדער. מיר ארבעטן און לערנען זיך, קעדיי העלפן פאַרווירקלעכן אין לעבן די פּלענער פון פינפיאָר. מיר זײַנען דאָך אויך שרײַבער אין א גרויסן מעכאַניזם פון בויען די סאָציאַליסטישע לאַנד.

אפּלאָדיסמענטן.

— פאַרורטיילן אזא ארויסטרעטונג.

שליאָמע האָט צוגעגעבן.

— ער פּרוּווט אונטעררײַסן אויך די ארבעט אפּ דער אכטער דיסטאַנציע.

— געווען אגיטירן פאַרן קלאַסן־סוינע!

האָט זיך אופגעהויבן א טומל.

לערער אראָן האָט קאַם באַרויקט די שילער.

נאָך דער פּערטער לעקציע, ווען מע האָט געבראַכט די הייסע פרישטיקן, איז איטשען די סופּ ניט געפעלן געוואָרן. האָט ער אופגעהויבן די טעלער און אויס־געגאָסן די סופּ אונטערן טיש.

— וואָס זײַנענ מיר כאַזײרים, וואָס מע גיט אונדז פּאַמאַיעס?!

אים האָבנ אונטערגעהאַלטנ נאָכ אײניקע שילער. זײ האָבנ אויכ אוועקגעלײגט די לעפל.

א סקאַנדאַל.

נאָר אָט זײַנענ אַרײַנ דער לערער אַראָנ אונ דער עלטסטער פונ פּיאָנער-באַזע, כ׳ קאַהאַנ.

— רויִק, קינדער! וואָס קומט דאָ בא אײַכ פאָר?



— וואָס זײַנענ מיר כאַזײרים, וואָס מע גיט אונדז פּאַמאַיעס?!

דערצײלנ די שילער דעם לערער וועגנ דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומענ.

געווענ איז א שטורמישע פאַרזאַמלונג. געווענ איז אַפ דער פאַרזאַמלונג אויכ כ׳ שליאַמבערג, דער סעקרעטאַר פונ קאָמיוג-קעמערל.

איטשע קוקט אַפ יאַטנ אונ שווײַגט. די יאַטנ קוקנ בײז אַפ איטשענ אונ שווײַגנ אויכ.

דער עלטסטער פונ פּיאָנער-באַזע רעדט:

— מע דאַרפ איטשענ איבערדערציִענ, מע דאַרפ איטשענ געבנ אויכ אַנ אָנלאָדונג, זאָל ער זיכ אויכ אַרײַנציִענ אינ דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פונ שול אונ פונ באַזע.

— ווי האַלסטו, איטשע?

— ער שווײַגט.

איז א קאָמיסיע אויסגעטײלט געוואָרנ אַפ פאַרבעסערנ די הײסע פרישטיקנ אינ שול. אינ קאָמיסיע איז אַרײַנ אויכ איטשע.

— ער וועט זענ. ער וועט פרוּווּנ אַרבעטנ.

★ ★ ★

גאָר אָפּט קומט לערער אַראָנ געוואָר ווערנ, וויאַזוי עס אַרבעטנ די שילער אַפ דער דיסטאַנציע. באַגעגנט מענ אים מיט אויסגעשרײענ:

— לערער אַראָנ, קומט אַהער!

— קומט אַהער, לערער אַראָנ!

ווײַזנ אים די קינדער פאַרשײדענע טײלנ. יעדערער וויל אַרויסווײַזנ זײַנ קענטעניש.

אָט האָט שליאָמע זעלבשטענדיק אויסגעפּײַלט א קלײנעם וואַליק צום שנעלקײַט-קעסטל. גאָכעט ווײַט גוט עלעקטרע. ער קענ פאַרײניקנ דעם אַקומוליאַטער צו דער מאַסע אונ אַפ דער אָנצינדונג. בײלקע די שוואַרצע ווײס אַפ אויסווײניק דעם גאַנצנ פּרינציפּ פונ דער אַרבעט פונ א פּירטאַקטנעם באַוועגער—א באַוועגער פונ אינערלעכער פאַרברענונג.

זיי ווייסן — עס גוט דערפֿאַר, ווײַל כ׳ קראַווטשענקאָ ענטפֿערט קלאָר אַף אַלע פֿראַגן, ווײַל ער איז מיט לײַב און לעבן פֿאַר דער בריגאַדע און די בריגאַדע איז פֿאַר אים.

איז טאַקע לערער אַראָן צופֿרידן מיט זײַנע יאַטן פֿון שול, מיט דער בריגאַדע אַף כ׳ וואָראָשילאָווס נאָמען.

## אַרויסגעשלעפּט פֿון בלאָטע

גייט די אַרבעט אַף דער אַכטער דיסטאַנציע אין פֿולן ברען. באַלד וועט פֿאַרטיק ווערן דער עלפֿטער קילאָמעטער. איבערן פֿאַרטיקן שאָסיי לויפֿן אום די אווטאָמאָבילן ווי טײַוואָלים. אַפֿן עלפֿטן קילאָמעטער אַרבעט אַ טראַקטער, ברענט דער טראַקטער אין באַוועגונג דעם שטיינברעקלער, צעבראָקלט ער, דער שטיינברעקלער, די גרויסע שטיינער און פֿאַרוואַנדלט זיי אין קליינינקע שטיינדלעך. קומען ברוקירער, כאַפּן אונטער די שטיינער און צעלייגן זיי אין אַ ריי אַפֿן שאָסיי.

אָט שפּאַנט דער „דיזעל״ מיט זײַנע ברייטע רעדער און גלעט אויס דעם אויסבעלייגטן שאָסיי. פֿון אונטער אים לייגט זיך אַ גלאַטער וועג — אַ נײַער שאָסיי.

ברענט די אַרבעט דאָ.

איז צום גאַראַזש צוגעפֿאָרן פּלוצלונג אַ רײַטער.

— דעם זאַווגאַר.

— איכ!

ווײַזט זיך אַרויס, אַז נאָענט פֿונעם 11־טן קילאָמעטער האָט אַן אווטאָ־מאַשין אין טיפֿער בלאָטע פֿאַרבוקסירט. מע מוז באַלדיקע הילף.

איז כ׳ קראַווטשענקאָ אַוועקגעפֿאָרן מיט דער בריגאַדע. צוויי שטריק מיט זיך פֿאַרכאַפּט.

באַם רול — דער כ׳ קראַווטשענקאָ. די מאַשין גייט אונטער זײַנע הענט פֿלינק. ווילט זיך איצטער די יאַטן אויך אָט אַזוי זיצן באַם רול, אין די הענט דעם רול האַלטן פֿעסט, די לינקע פֿוס אַפֿן קאָנוס־פּעדאַל. די רעכטע אַפֿן אַקסעלעראַטער און די אויגן פֿאָרויס.

נאָר כ׳ קראַווטשענקאָ זאָגט, אַז נאָך אַביסל צײַט — איר וועט פֿאָרן.

לויפֿן פֿאַרבײַ פֿעלדער, וועלדער, טראָגט זיך די מאַשין פֿײַל פֿון בויגן אַהין, אַרויסשלעפּן דאָרטן פֿון בלאָטע אַ מאַשין.

אָט איז עס.

פֿונדערווײַטן זעט מען שוין: אַ מאַשין ליגט אין בלאָטע. בלויז די קאַסטן איז פֿרײַ, קיין רעדער זעט מען ניט.

צוגעפֿאָרן. יאַטן האָבן די שטריק אַרויסגעשלעפּט, צוגעבונדן און...

איינס־צוויי־דרײַ!

— האָפּ!

די מאַשין איז אַף דער בריקעניש.

דער שאָפער פון מאשין קוקט אף די יאטנ און קוועלט:

— אָט, כוואטסקע יאטנ!

און כ׳ קראוושענקאָ זאָגט:

— פאַר ניט אינ בלאָטע, האלט די אויגנ אינ די הענט,—העסטו אויכ זײַנ א כוואט.

ער איז אוועקגעפאָרנ און מיר זײַנענ אויכ אוועקגעפאָרנ. אף צוריקוועגס האָבנ זיכ די יאטנ דערוווּסט:

כ׳ קראוושענקאָ איז אנ אלטער פארטיי־מאנ. ער האָט אינ די אָקטיאבער־שלאכטנ אנ אָנטייל גענומענ, צוזאמענ מיט גײַענ אפנ ווײַספוילישנ פראָנט געווענ, ער האָט אײנער אלײנ פארכאפט א ווײַספוילישנ בראָנעוויק און געבראכט אים אינעם לאגער פונ דער ...ער ארמיי.

★ ★ ★

אינ לעניג־ווינקל פונ דער אכטער דיסטאנציע איז אָוונט־צײַט פרײלעכ. אינ לעניג־ווינקל קלײַבט זיכ צונויפ אלע אָוונט די בריגאדע. אף די ווענט הענגענ דאָ פלאקאטנ, וואָס די בריגאדע האָט געמאָלט. די פלאקאטנ רופנ פונ די ווענט.

„שלאָגט איבער דער אנאָנ־מקע״.

„פאר באהערשנ די טעכניק״.

„טרעט ארײַנ אינ דער שלאָג־בריגאדע״.

„די מאשינ איז דײַנ ווארשטאט—היט די מאשינ״.

דאָ הענגט די רויטע און שווארצע ברעט. דאָ האָבנ יאטנ זײער ווינקל פאר דער געזעלשאפטלעכער ארבעט.

נאָר אָט איז אויכ כ׳ קראוושענקאָ.

— וואָס מאכט מענ יאטנ?

— א שווארצע קאסע.

דאָ איז געזעסנ ראָזע, יאנקל מיט נאכאמענ און אָפגעקליבנ דעם צעטל פונ די פראָהולשטשיקעס, ווײַל יאטנ האָבנ פאָרגעלײגט און אײַנגעשטעלט זיכ שטארק פארנ פאָרשלאָג.

— די פראָהולשטשיקעס דארפנ האָבנ זײער שווארצע קאסע אף באקומענ גע־האלט. אף דער קאסע איז געווענ אָנגעשריבנ:

**דאָ באקומסטו**
**דײַנ געהאלט,**
**פראָהולשטשיק!**

— כ׳ קראוושענקאָ,— זײַנען די שילער צוגעשטאַנען,— דערציילט אונדז עפּעס פון אײַער לעבן.

ווען מע בעט דעם כ׳ קראוושענקאָ שטאַרק, דערציילט ער.

זיצן יאַטן ארום אים אין א קרײַז און הערן, ווײַל כ׳ קראוושענקאָ דערציילט אינטערעסאַנטע געשעענישן.

## פאַרכאַפּט א בראָנעוויק

— אַט. ס׳איז געווען א צײַט, ווען די ווײַספּוילישע כאַיאַלעס האָבן געוואַלט פאַרכאַפּן אונדזער איצטיקע סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד, האָט מיר דער קאָמאַנדיר ארויס־געגעבן אן אופגאַבע:

— טראָג אָפּ אָט דעם געהיימען פּאַקעט דעם קאָמאַנדיר פון דער נ־סקער ראָטע אַפּ די פאָדערשטע ליניעס פון פראָנט.

און אז דער קאָמאַנדיר הייסט,—איז געפאָרן. מײַן מאַשין איז אן אויסגעפּרוווטע, כ׳בין זיכער, אז זי וועט ניט אונטערפירן. איך קאָן זיך אַפּ איר פאַרלאָזן.

אינדערלופטן הערן זיך נאָענטע שאָסן. אינדערלופטן פליִען צעברעקלטע סנאַ־ריאַדן—אָט, אָט זײַנען זיי נעבן מיר, נאָר מײַן מאַשין טראָגט זיך פאָרויס.

געציילטע קילאָמעטערס פאַרבלײַבן ביז דער פאָדערשטער פראָנט־ליניע. נאָר וואָס איז עס ווײַטער? א שטיקל סנאַריאַד האָט אין דער הינטערשטער ראָד אַנגעטראָפן, דורכ דער שינע—אין קאַמערע און—פּוץ... ניטאָ קיין לופט אין ראָד.

שלעכט. וואָס זשע טוט מען? א נײַע קאַמערע אומבײַטן האָב איך ניט, פאָרן ווײַטער אַפּ דער שינע אליין איז אוממעגלעך, און דאָ—א פראָנט־ליניע: ווערט שטיין אביסל צײַט אפן פרײַען פעלד, וועט א ווײַספּוילישער סנאַריאַד דיר דעם קאָפּ אראָפּנעמען.

שלעכט. קוים זיך דערשלעפּט אין א דערבײַיקן וועלדל. פאַרמאַסקירט זיך און גענומען אײַלנדיק אויסטאָן די ראָד. יאָ, א לאָך און א גרויסע לאָך—א גאַנצער פינגער קריכט אהין ארײַן. פאַריכטן און אפּנײַ אָנבלאָזן איז איצט ניט די צײַט, ניט פאַרגעס, אז דו האָסט א פּאַקעט אין קעשענע און עפּשער וועגדט זיך אָן דעם פּאַקעט דער גאַנצער גורל פון דער פראָנט־ליניע פון דער רויטער ארמיי... ווער וויים... נו, האָב איך צונויפגענומען מײַנע אלע אלטע שמאַטעס, שטרוי געקראָגן, אָנגעשטאָפּט מיט דעם די שינע און—ס׳איז, דוכט זיך, גוט. ווי ניט איז וועל איך זיך דערקלײַבן.

און זיך טאַקע דערקליבן צום קאָמאַנדיר.

מײַן פּאַקעט האָט געהייסן אזוי:

„טייקעף אָפּטרעטן ביז דער סטאַנציע ב., קעדיי אלע אײַנעם א שטאַרקן קלאַפּ געבן דעם סוינע״.

ביז וואַנען וואָס דאַרפן מען דאָך פאַריכטן די צעריסענע קאַמערע. האָב איך זיך א פּויער אין א שטאַל די מאַשין ארײַנגעפירט, אָפּגעגעסן און גענומען זיך צו דער ארבעט.

און דאָ האָבן זיך טייקעף צעטראָגן געהיימע טעלעפאָנאָגראַמעס: „אָפּטרעטן!“.

— אָפּ־טרע־טן!

און די רויטע ארמיי איז טייקעף אָפּגעטראָטן.

ביזוואַנען איך בין געזעסן און פאריכט מײַן קאמערע, זײַנען די ווײַספּוילן אַרײַן אין דאָרף מיט א טומל. איך בין געבליבן בא זיי.

— וואָס זשע טוט מען.

דער פויער באַרויִקט מיך. ער הייסט מיר ליגן אין היי און וואַרטן, ביז ס׳וועט פינצטער ווערן. נו, ליג איך אין איינע שרעק און וואַרט. דער פויער איז ארויס, פארשלאָסן דעם שטאַל.

מינוטן ציִען זיך לאַנג. אָט הודזשען, דוכט זיך, אויטאָמאָבילן, אָט לאָזן זיך הערן ווײַספּוילישע אויסגעשרייען:

— פּסיא־קרעוו!..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— נו, — זאָגט כ׳ קראַוטשענקאָ צו אונדז, — וואָס וואָלט איר געטאָן אין אזא לאַגע?

— מיר?... מיר?...

— איך, — זאָגט נויעכ; — וואָלט א הינטערשטע ברעט פון א שטאַל אויסגעבראָכן און אויסגעצויגן, ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט.

— און איך... — שלאָגט אים איבער ראָזע — איך וואָלט פאר שרעק גע־גע־גע־שטאָרבן...

— כא־כא־כא...

לאַכן די יאַטן פריילעך.

— וואָס זשע האָט איר געטאָן, כ׳ קראַוטשענקאָ?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— איך, — האָט פאַרגעזעצט כ׳ קראַוטשענקאָ, — האָב צוגעוואַרט ביז ס׳איז גוט פינצטער געוואָרן. דער פויער איז צו מיר אַרײַן.

— נו?

— זיי שלאָפן, ווי געהאַרגעטע — שיקורים.

גוט, טראַכט, איך, די בעסטע צײַט.

איך רוק זיך קאַלטבלוטיק ארויס פון שטאַל. אפּן הויף — צוויי בראָנעוויקעס. א בליץ־געדאַנק איז מיר טייקעף אײַנגעפאַלן:

— אליין אויסציִען לוינט ניט. אָט אזא בראָנעוויק וועט געוויס צונוץ קומען דער רויטער ארמיי.

שטיל האָב איך ארויסגעפירט מײַן מאַשין פון שטאַל, צוגעבונדן זי צום נאָענטסטן בראָנעוויק. ס׳איז שטיל, קיינער הערט ניט, אפילע דעם וועכטער איז טויט־שלעפע־ריק. בין איך אַרײַן אין בראָנעוויק, אַלץ איז אין אָרדענונג. אפילע דער שליסל איז דאָ. א פּרוּוו דעם סטאַרטער — ער ארבעט.

— זײַ געזונט, פויער, מיר וועלן זיך נאָך זען!

די נאַכט איז שטאַרק פינצטער. איך צינד אָן די פאַרן און פאָר. דער וועכטער פארשטעלט דעם וועג.

— שטעל אָפּ!

א שאָס פון מײַנ בראַונינג האָט אופגעהויבנ דעם דאָרפ אפ די פיס. ביקסנ־קוילנ אפגנ בראָנעוויק. נאָר איך לאַך פון זיי: מיט קייג ביקסנ־קויל וועסטו דעם בראָנ ניט דורכשיסנ.

וועגנ געבראָכענע, גריבער,—גאָר איך פלי... אָט איז א טיפע קאנאווע, דוכט זיך... א שטארקערנ קוועטש דעם אקסעלעראטער—האָפ! דו ביסט אינ די הענט פון דער רויטער ארמיי!

— גוט!



א שאָס פון מײַנ בראַונינג האָט אופגעהויבנ דעם דאָרפ אפ די פיס...

אזוי האָב איך געבראַכט א בראָנעוויק דער רויטער ארמיי. עמעס, מײַנ קלײנע אווטאָמאשינ האָבנ די ביקסנ־קוילנ צעלעכערט, נאָר זי איז אויך מיט מיר. איך וועל זיך אנ אײַצע געבנ, אונ זי וועט ווײַטער פאָרנ.

— פאר דעם,—האָט כ׳ קראוטשענקאָ פארענדיקט,—האָב איך באקומענ פונ כ׳ גײַ א מאטאָנע—א זילבערנעם זייגער.

## איטשענ כאָלעמט זיך

אינ שול איז הײַנט א שושקערײַ.

די זעלבסטפארוואלטונג האָט געהייסנ אונ אזוי איז געטאָנ געוואָרנ: „אראָפנעמענ איטשענ פונ דער שווארצער ברעט אונ אריבערגעטראָגנ אפ דער רויטער".

ווײַל איטשע האָט אָנגעהויבנ אויסזענ גאנצ אנדערש. די אויגנ האָבנ אפילע אנ אנדער גלאנצ באקומענ. איטשע איז א געזעלשאפטלעכער טוער. איטשע האָט אָנגעהויבנ פארשטיינ, אז אויב ער—וועט אלייג העלפנ, וועט אויך זײַנ בעסער: וועלנ גוטע פרישטיקנ זײַנ אינ שול. וועלנ זײַנ אלע נייטיקע לערנ־מאכשירים, וועלנ זיי זיך קענענ לערנענ אונ ארבעטנ.

נאָר איידער דעם, איז פאָרגעקומענ אזא זאך:

די פאַרזאַמלונג אַף דער דיסטאַנציע האָט זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. נאָך דער פאַרזאַמלונג זײַנען אַרויסגעטראָטן די בריגאַדירן מיט אַן אגיטקע.

שאַרף האָבן זיי דורכגענומען די פּראָגולשטשיקעס, די שעדיקער. אין זייער אַליינגעשאַפענער אגיטקע האָבן זיי באַוויזן אַלע די, וואָס באַציִען זיך אַזוי שלעכט צו דער טעכניק. גערופן פאַרווירקלעכן כ' סטאַלינס אָנווײַזונגען און דערהויפּט קעמפן קעגן דער אָנאָנימקע.

יאַטן ווייסן, זיי האָבן זיך איבערצײַגט, אַז די אָנאָנימקע שטערט דער דיסטאַנציע אויסצופילן דעם פּלאַן אירן.

ווײַל כ' סטאַלין האָט געזאָגט:

„אָנאָנימקע איז דאָס פעלן פון יעטווידער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דער אָנגעטרויטער אַרבעט, דאָס פעלן פון פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר די מעכאַניזמען, פאַר די ווערקשטעלן, פאַר די אינסטרומענטן" (סטאַלין).

דאַרפן מיר פירן מיט דעם אַ קאַמף. צו אָט דעם קאַמף האָבן גערופן די שילער אין זייער אגיטקע.

אַהיים איז מען זיך צעגאַנגען גאָר שפּעט בײַנאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז איסעשע איז אַהיים געקומען, האָט די מאַמע אַף אים געוואַרט, קעדיי די טיר צו שפּאַרן.

— ווו ביסטו עס געווען אַזוי שפּעט? — האָט זי אים באַגעגנט מיט אַ זויערער מינע.

— אַף אַ פאַרזאַמלונג!

— אַזוי שפּעט?

— יאָ!

נאָר פאַרוואָס שפּילן זיך אים הײַנט די קנעפּלעך ניט אָפּ? עפּשער דערפאַר וואָס ער איז אומרויִק, וואָס די יאַטן האָבן אים אין דער אַרויסטרעטונג ניט אַרײַנגענומען, נאָר דורכגענומען אין דער אגיטקע? עפּשער איז טאַקע דער טאַטע ניט גערעכט? ער רײַסט זיי מיט געוואַלד, די קנעפּלעך, ער וויל שוין אַפּגיך אַנשלאָפן ווערן, קעדיי פאַרגעסן אָן אַלץ.

— מאַמע, ניט פאַרגעס מיך אויפוועקן מאָרגן אין שול אַרײַן.

— גוט, שלאָף שוין!

און ער שלאָפט.

נאָר וואָס איז עס ווידער?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי באַלעגופים שטייען לעבן אים, בײַ איינעם אַ מעסער אין האַנט. קום. און זיי נעמען אים אָן ביידע פאַר די הענט און זיי פירן אים. ניט זיי פירן אים, נאָר זיי פליִען מיט אים אינדערלופטן. אָט איז אַ ברייטע פעלד און אַפן פעלד שטייט אַ שײַער. גיבן זיי אים, די באַלעגופים, שוועבעלעך און קעראָסין און זאָגן:

— גיי, יאַט, צינד אונטער דעם שפּײַער. דאָרטן ליגט קאָלווירטישער קאָרן. און איטשע גייט, נים ער גייט, נאָר ער לויפט. אָט האָט זיך דער שפּײַער צעפלאַ־קערט מיט פּײַער־צונגען אין הימל אַרײַן... פּאָזשאַר... ראַטעווע... באַלעגופּישע אַרבעט... כאַפּן זיי אים ווידער אָן, די באַלעגופּישע הענט, — און וואַרפּן אים אין פּײַער אַרײַן. — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— מאַמע!

ער קערט זיך איבער אַפן צווייטן זײַט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס עפנט זי די טיר — און אַפן שוועל נאַכעט. פּלינק לאָזט ער זיך צו אים:

— דו האָסט אונדז הײַנט מיעס באַליידיקט. ביסט אַ פּײַנט דער סאָוועטישער שול. צוויי הענט כאַפּן אים פאַרן האַלדז ארום און ווערגן — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— איי!

ער קערט זיך איבער אַפן צווייטן זײַט.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן אים מאָדנע כאַלוימעס שלאָפן ניט געלאָזט, אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך איטשע געוואָרפן פון איין זײַט אַפן צווייטן, ביז ער האָט דערלעבט דעם פאַרטאָג.

און אַז דער פאַרטאָג איז געקומען, האָט ער זיך אָנגעטאָן און אין שול אוועק. קוקן יאַטן אַפ איטשען. איטשע איז אַקטיוו געוואָרן, אַ גוטער בריגאַדיר. עס איז דערפאַר, ווײַל אַפ זײַנע פּלייצעס ליגט אַזאַ וויכטיקע אָנלאָדונג. מע מוז זי אויספילן.

פילט איטשע אויס ערנסט זײַן אָנלאָדונג.

דערפאַר טאַקע שטייט ער הײַנט אַפ דער רויטער ברעט.

# אשקע באַקומט אַן אויסריייד

שפּעט נאָך יענער פאַרזאַמלונג איז אויך געקומען אַהיים יאַשקע. די שטוב־בריגאַדע איז שוין געשלאָפן — איז ער אויך גלײַך אײַנגעשלאָפן.

אַפמאָרגן, ווען יאַשקע איז אַהיים געקומען, האָט ער געפּאַקט אַפן וואַנט פון שטוב אַזאַ מעלדונג:

> הײַנט, 5 אַזייגער, וועט פאָרקומען אַ זיצונג פון דער שטוב־בריגאַדע, אַפ וועלכער עס דאַרפן בײַזײַן — דער טאַטע, די מאַמע, סאָניע, יאַשקע, די באָבע און איך.
>
> קלײַבט זיך צונויף צו דער צײַט — עס שטייט אַ וויכטיקע פראַגע.
>
> פאָרזיצער פון בריגאַדע — אַ ל י ק דער אָ ק ט י א ב ע ר ל.

זײַנען צו 5 אזייגער אלע געווען גרייט.

— זעצט זיך, כאוויירים, אפ די ערטער,—האָט אליק צו אָרדענונג אלעמען גע־רופן.—מיר הייבן אָן די זיצונג.

האָבן זיך אלע צעזעצט.

— אָט וואָס, כאוויירים, הײַנט שטייט בא אונדז די פראגע וועגן יאשקען. דו, טאטע, ווייסט איצט נעמען א וואָרט, נאָר איך וויל זאָגן, אז יאשקע האָט מיטן נעכ־טיקן קומען שפעט אהיים, ערשטנס, ניט אָפגעהיט די פּיאָנערישע געבאָטן און, צווייטנס, אונטערגעריסן דער מאמעס לימודים. דײַ מאמע ליקווידירט דאָך איר אמע־ראצעס. טאטע, רייד.

איז ארויסגעטראָטן דער טאטע.

באם טאטן אפן קאָפּ, ווארפן זיך שוין דורך גרויע האָר. די פארגייענדיקע זון ווארפט אירע שטראלן דורכן פענצטער. און אין שטוב האלט די שטוב־בריגאדע איר זיצונג.

און דער טאטע רעדט.

— קינדער, און באזונדערס דו יאשקע, ביסט א יאט אן אקטיוויסט, אָבער צי קען טען זיך אזוי פירן, קומען צוויי אזייגער אהיים? אויב דו ביסט איבערגעלאָדן אין שול, קום צוגיין אפ דער בריגאדע, דערצייל, מיר וועלן דיר העלפן. מיר וועלן ווירקן דורכן פארטייישן קעמערל. אויב דו האָסט נעכטן אונטערגעריסן דער מאמעס לימודים, איז פון דײַן זײַט א פעלער. אזוי פאסט ניט פאר א פּיאָנער. זאָל דיך די בריגאדע פארורטיילן.

— ער רײַסט אונטער אונדזער סאָצנעוועט,—האָט איבערגעשלאָגן דעם טאטן סאָניע.

— ריכטיק!—האָט אונטערגעהאלטן אליק.—מיר וועלן דיך, ברודערקע, שטעלן אפ דער שווארצער ברעט.

— גיב א וואָרט, אליק.

— רייד.

האָט יאשקע גערעדט און דערציילט, אז דאָס האָט זיך נאָר איינמאָל געטראָפן, ווען ער איז ארויסגעטראָטן מיט זײַן בריגאדע אפ א פארזאמלונג פון די ארבעטער. די ארבעטער האָבן זיי גוט אופגענומען. די ארבעטער זײַנען צופרידן מיט יאשקעס בריגאדע.

— אָבער אזוי שפעט?

— כאוויירים, רויק!—האָט העכער פון אלעמען געשריען אליק.—איך האלט, אז דאָס איז ניט קיין וויכטיקער מאָטיוו. איך לייג פאָר...

— רייד, רייד!

— איבערגעבן דעם טאטן אויספאָרשן דעם איניען אין שול, ווען, אז מער זאָלן זיך אזעלכע זאכן ניט איבערכאזערן. יאשקען פאר אונטערײַסן דער מאמעס נעכטיקן לימעד—אן אויסרייד. ווער וויל זיך נאָך ארויסזאָגן?

— איך! איך!—האָט סאָניע געבעטן א וואָרט.

— גו, רייד.

— דורכנעמען אין דער שטוביקער וואנט־צײַטונג און שטעלן יאשקען אפ דער שווארצער ברעט.

— ווער איז פארן פאַרשלאָגן?

עס שטימען אלע, נאָר די באָבע האָט זיך אָפּגעהאלטן.

— באָבע, נו, און דו?—האָט זיך צו דער אלטער באָבען געווענדעט אליק.—ביסט עפשער קעגן?

— ניין, ניין, איך וויל זאָגן, אז... אז...

— רייד, רייד, באָבע. מירן נאָך עפשער אָננעמען דײַן פאַרשלאָג אויך.

— מע האָט אים געדארפט אָפּשמײַסן דערפאר.

און אלע האָבן זיך פאנאנדערגעלאכט. אפילע יאשקע אויך.

★ ★ ★

דער טאטע האָט טאקע געווירקט דורכן פארטייישן קעמערל און דאָס פארטייישע קעמערל האָט זיך גענומען אריינמישן אין דער ארבעט פון שול, אין דער ארבעט פון דער פיאָנער־באזע.

זײַנען טעג געגאנגען. די מאמע קאָן שוין באלד לייענען און שרײַבן. אזעלכע פאלן, ווי דעמלט, כאזערן זיך שוין מער נים איבער.

## צוויי לימודים

צי ווייסן דען די יאטן, ווי עס איז איבערגעגעבן צו דער שול דער לערער אראָן.

אָט האָט לערער אראָן צוגעגרייט פלאקאטן פון אן אווטאָמאָביל, קעדיי די קינד־ער זאָל גרינגער זײַן ארײַנצודרינגען אינעם הארצן פון אווטאָמאָבילישן באוועגער, פלאקאטן, וועלכעריידן:

„ווו זאָלסטו אויסשמירן מיט אייל מײַנע טיילן".

„קוק, ווי דאָס וואסער צעגייט זיך אין קילט צאָפּ די ווענטלעך פון די צילינדערס".

„קוק, ווי עס רײַסט זיך אין מיר אוף דער בענזין־דאמפּ".

„לערן אויס די מאגנעטאָ, דעם קארביוראטער, דאָס שנעלקייט־קעסטל, דעם דיפערענציאל".

— ווו האָט איר עס געקראָגן, לערער אראָן?

געווען אין אווטאָדאָר, געקראָגן ליטעראטור פאר אײַך, אָט זעט!

לערער אראָן ווײַזט זיי ביכער וועגן אווטאָמאָבילן.

— יאָ, קינדער, איך האָב מיט אײַך א וויכטיקן לימעד.

— א לימעד, צי א שמועס?

— ווי איר ווילט, קאָנט איר עס אָנרופן.

האָבן זיי זיך צעזעצט ווער ווו, אלע ווילן זיצן נאָענט צום לערער אראָן, קעדיי הערן, וואָס וועט לערער אראָן זאָגן.

— נו, לערער אראָן!

קוקט דער לערער אראָפּ אַף די יאַטנ און שמייכלט. קוקן יאַטנ אויכ אַפ דעם לערער אראָב און שמייכלענ.

— כ'הער פון אײַכ שלעכטע נײַס.

— נו?!

— יאָ!

— ס'קענ ניט זײַנ!

— ערשטנס, איר באַגייט זיכ שלעכט מיט איטשענ. קענ מענ דענ אזוי אָפּ־שטויסנ א יאַט פון דער ארבעט? איר האַלט אים פאר דעם לעצטנ. ריכטיק?

— ריכטיק!

— ער דארפ זײַנ גלײַכ מיט אלעמענ. ער דארפ זיכ לערנענ. ארבעטנ גלײַכ מיט אלעמענ. מע דארפ אַפ אים ווירקנ פּיאָנעריש. איטשענ קענ מענ איבערדערציִענ — און דאָס ווענדעט זיכ אָנ אײַכ אויכ.

— געמ דאָס אינ אכט, יאשקע.

— איצט נאָכ עפּעס,—דער לערער האָט זיכ אופגעשטעלט, זײַנ פּאָנעמ איז גע־וואָרנ שטרענגער,—א טייל שילער באַציִענ זיכ נאכלעסיק צו דער ארבעט.

— נו?

— אָט, איכ האָב אליינ געזענ, ווי יאנקל האָט זיכ אָנגעטשעפּעט אַפ אנ אווטאָ־מאָביל און זיכ... געקאַטײַעט.

האָבנ זיכ אלע פארקוקט אַפ יאנקלענ. יאנקל האָט דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזנ.

— מיר דארפנ דאָס פארורטיילנ. אזוי פירט זיכ ניט א פּיאָנער. עפּשער ווייסט איר פונ נאָכ אַזעלכע פאלנ?

— יאָ, לערער!

מע מוז, הייסט עס, קעמפנ מיט דעם, וואָס יאַטנ רופנ אָנ „קאַטאַיאַנקע“.

האָט די בריגאדע באַשטימט טייקעפּ אַפנ אָרט:

— פאר אזא אופירונג — אַפ דער שווארצער ברעט פונ דער אכטער דיסטאַנציע.

★ ★ ★

ווידער איז הײַנט א לימעד אינ שול מיטנ כאַווער קראַוושענקאָ.

גריבלענ זיכ יאַטנ אינ די געמעלנ און פארשרײַבנ צו זיכ אינ די העפטנ ארײַנ.

שווער געווענ זי ערשטע צײַט באַנעמענ די שווערע ווערטער, שווער געווענ, חײַל מע האָט עס ניט געזענ מיט די אויגנ. איצט זעענ יאַטנ מיט די אויגנ און כ' קראַוושענקאָ דערקלערט:

— אָט האָט איר דעם קאָלבענ, ער זעט אויס ווי א גלאָז, אינעווייניק פארײניקט ער זיכ מיטנ שקוואָרענ, דער שקוואָרענ—מיטנ קני־וואל, דער קני־וואל גייט איבער די באַוועגונג אַפנ שוווּנג־ראָד, פונ דאָרטנ — אַפנ שנעלקײַט־קעסטל, אַפנ דיפערענציאַל און אַפ די הינטערשטע רעדער.

יאַטנ שוויצנ אַפ די אויסרעכענונגענ. אָבער דער לערער אראָנ איז אויכ דאָ. דער לערער אראָנ העלפט.

— אויב דער באוועגער וועט מאכן 2800 אומדרייען אין א סעקונדע, וויפל אומדרייען וועלן מאכן די הינטערשטע רעדער?

— אנו, רעכנט אויס.

באם לערער־טישל זיצט ער — דער כ׳ קראווטשענקאָ און דערקלערט, קעדיי די יאטן זאָל זיין פארשטענדלעך, קעדיי יאטן זאָלן קענען גוט אויסלערנען דעם מאָטאָר.

לערנען מאקע די יאטן דעם מאָטאָר מיט גרויס ליבשאפט צום כ׳ קראווטשענקאָ און צו זייער גוטן לערער אראָן.

ווייל אָט, נאָך אביסל צייט — און זיי וועלן פרווון זייערע קויכעס באם רול, באם רול פון סאָוועטישן אווטאָמאָביל.



...אם דער שנעלקייט־קעסטל, אםן דיפערענציאל און אם די הינטערשטע רעדער.

## באם רול פון סאָוועטישן „פאָרד״

געציילטע טעג זיינען פארבליבן ביז דער סאָוועטישער „פאָרד״ וועט פארטיק ווערן. געציילטע טעג ביז יענעם מאָמענט, ווען יאטן וועלן פרווון זיך זעצן באם רול, א קוועטש טאָן די פעדאלן און רירן פון אָרט דעם אווטאָמאָביל.

ווי דערלעבט מען עס?

די אכטע דיסטאנציע איז געוואָרן זייער ארבעט־אָרט. דער לעניג־ווינקל — דער אָרט אפ פירן די לימודים, אפ צוגרייטן די לימודים.

יאטן זיינען איצט באקאנט מיטן הארצן פונעם באוועגער.

מייער האָט שוין אליין אָנגעהויבן מאכן א מאָדעל פון אן אווטאָמאָביל און כאַווער קראווטשענקאָ קומט אים צוהילפ.

ווען די בריגאדירן גייען אין גאס, ווען עס לויפן פארביי מאשינעס, קוקן זיי נאָך יעדער באוועגונג זייערער, צי פאָרן זיי ריכטיק, — זיי ווייסן דאָך שוין גוט די גאסן־באוועגונג.

און ווען עס לויפט דורכ א מאשין, שאצן די יאטן:

— „ביויק״.

— ניין, „פאקארד״.

— זע נאָר, אָן פאָרט „מערסידעס״.

— און אָן שטייט א „פיאט״.

— פּונקט, ווי אַ „אמאַ".

— טו אַ קוק, אָט פליט אַ „פּאַרד־לימוזינע".

— „יאפּיאטש".

— ניין, אַ יאשקע [1]).

פון ערגעץ האָט כ׳ קראַווטשענקאָ אַ הילצערנעם אווטאָמאָביל געקראָגן פאַר די יאַטן, אָנגערופן האָט ער עס „טרינאַזשאָר".

— קומט יאַטן, — האָט ער צוגערופן דער בריגאַדע. — מאָרגן גייט אַרויס די מאַשין פון רעמאָנט, איצט וועלן מיר זיך טרינאַזשירן, כדי איר זאָלט קענען מאָרגן פּרוּוון זיך אויף דעם לעבעדיקן אווטאָמאָביל, וועלכן איר האָט געהאָלפן ראַמאָנטירן.

— אַך!

האָט מען זיך מיט פרייד גענומען גרייטן. אויפן פעלד שטייט ער — דער הילצערנער טרינאַזשאָר. לעבן אים די גאַנצע בריגאַדע.

כ׳ קראַווטשענקאָ קאָמאַנדעוועט:

— ריר זיך פון אָרט! אַזוי. לאָז אָפּ דעם פּעדאַל. האַלט די אויגן פאָרויס.

— שטעל אָפּ!

— ערשטע גיכקייט!

— צווייטע גיכקייט!

— טאָרמאָז!

— ווייניקער גאַז!

זיינען דורך אַלע יאַטן, ווייסן איצט די יאַטן, אַז דאָ מוז מען אַ מעכאַנישע פוס־אַרבעט. אָבער... לאָמיר זיך נאָר פּרוּוון זעצן אויף אַ לעבעדיקן, וועט איר זען.

— מירן דערלעבן.

— מאָרגן געוויס.

ביז אַזוי גיך האָט זיך געוואָלט אָוועקגיין פונעם הילצערנעם טרינאַזשאָר, נאָך אַמאָל פּרוּוון און נאָכאַמאָל פּרוּוון. ס׳וועט גיין!

און ווען יאַטן גייען אַהיים, זיינען זייערע געדאַנקען פול מיט מאַשינעס, מיט — טעכניק. און פראַגן פון אַלע זייטן שיטן זיך, און יאַטן ענטפערן:

— ווען דער ערשטער קאָלבען וועט גיין אינדערהויך, וווהין וועט גיין דער טערטער?

— אויך אינדערהויך.

— אויב אינעם ערשטן צילינדער וועט זיין צונויפּפּרעסונג־טאַקט, וואָס וועט זיין אין 3־טן, בײַ דער אַרבעט־פאַרטיילונג פון 1243?

— אַרויסגאַנג־טאַקט.

— ריכטיק!

---

[1]) יאשקעס — רופן די טשעטרים די אווטאָמאָבילן פון יאראָסלאַווער זאַוואָד. אויף רוסיש — Я-5.

★ ★ ★

קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן. און דער טאָג האָט זיך היינט אויסגעלייגט מיט א זוג א װאַרעמער. גיטאָ שוין מער קיין שנייען אפן פעלד, נאָר די ערד איז שוין װייך.

זיינען יאַטן געקומען, זיינען יאַטן גרייט דעם ערשטן פרווו צו מאַכן.

ס'איז אַ ארויסגאַנג־טאָג אפן דער אבטער דיסטאַנציע. זיינען דאָ יאַטן שאָפערס, און אלע באַגעגענען איצט די בריגאַדע מיט פריילעכע אויסגעשרייען:

— יאַטן, פאָרן מיר היינט?

— א פראַגע?

— אַט װעלן מיר זען, װי אונדזערע בריגאַדירן װעלן האַלטן דעם רול אין האַנט.

דער אויסגערעמאָנטירטער „פאָרד" איז אויסגעװאַשן, אויסגעפּוצט,—טאַפּן אים די יאַטן פון אלע זייטן. קלאַפּן מיט די פיס, צי איז גענוג דאָ לופט אין דער פאָדערשטער ראָד, עפּשער אָנבלאָזן נאָך אביסל.

נאָר אָט איז כ' קראַװטשענקאָ.

— זעצט אייך, יאַטן, מיר פאָרן.

אלע האָבן זיך א לאָז געטאָן פאַרכאַפּן ערטער אין קוזאָװ. אלע װאָלטן װעלן זיצן איצט אין קאַבינקע לעבן כ' קראַװטשענקאָ.

מירן פאָרן. מירן פאָרן הין און צוריק איבערן גלאַטן אויסגעפּאַרסיקטן שאָסיי. יאַשקע װעט ז'ער ערשטער זיך זעצן באַם רול.

דאָס הארץ קלאַפּט צו האַסטיק און כ' קראַװטשענקאָ באַרויִקט אים:

— קאַלטבלוטיקייט, ניט שרעקן זיך!

די פיס טאַפּן אָן דעם קאָנוס־פּעדאַל אינדערנידער. אויסגעקװעטשט. שטעל אװעק די גיכקייט. איצט לאָז אָפּ פּאַמעלעך דעם קאָנוס.

דער אװטאָמאָביל רירט זיך פון אָרט.

— דערלאַנג גאַז! צװייטע גיכקייט! דריטע!

— האַלט די אויגן אין די הענט!

— קאַלטבלוטיקייט!

— קוקס, יאַטן, אַפּן ספּידאָמעטער!

— 30.

— 40.

— 45.

— שטעל אָפּ!

די פוס אַפּן טאָרמאָז, לאַנגזאַם שטעלט זיך אָפּ דער אװטאָמאָביל.

— װער גייט דער צװייטער?

— איטשע!

— אהער!

און יאַשקע בריגאַדיר זיצט שוין אין קוזאָװ צװישן זיינע בריגאַדירן.

— נו?

— גוט?

— נאָך א מין!

אהיים איז מען געקומען מיט פרייד־אויסגעשרייען:

— טאמינקעס—טאטינקעס!

— געפירט האָבן אַליין דעם אויטאָמאָביל.

— און געפאָרן ווײַט, ווײַט.

און אין שול איז מען אויך געקומען מיט פרייד־געשרייען:

— לערער אראָן, אויסגעהאַלטן דעם עקזאמען!

— און ניט נאָר געפאָרן, נאָר דעם מאָטאָר אפילו אויסגעלערנט.

— אָהאָ־האָ!

קוקט דער לערער אראָן אויף די יאַטן און קוועלט, און די יאַטן קוקן אויפן לערער און קוועלן.

— לערער אראָן, מיר האָבן א גרויסע דערגרייכונג.

— איך האָב אויך אין דעם א חלק, לערער אראָן.

# א דורכרײַס! א דורכרײַס!

פּלוצים איז אָנגעקומען אן אומדערוואַרטע ידיעה. אויף דער אכטער דיסטאנציע איז א דורכרײַס.

פאר פעווראל כוידעש—ניט דערגעבן דער מעלוכע פיר קילאָמעטער פארטיקן שאָסיי.

— דורכרײַס!

קלינגט עס אין יעדן אויער פון יעדן בריגאדיר, ווי א גלאָק. האָבן זיך די יונגע בריגאדירן צונויפגעזאמלט און באשטימט:

— מיר מוזן עפּעס טאָן, קעדיי העלפן ליקווידירן דעם דורכרײַס.

— אן אגיטאציע.

— אויסגעפינען די שולדיקע.

האָבן זיך יאַטן צעזעצט שרײַבן פּלאקאטן און אין א פּאָר שאָ ארום האָבן איבער אלע ווענט פון דיסטאנציע אראָפּגעקוקט פּלאקאטן, וועלכע האָבן גערופן און געפאָדערט:

— ארבעטער, שאָפער, ליקווידיר דעם דורכרײַס!

— פּארגעדענק, האָסט ניט דערגעבן דער מעלוכע פיר קילאָמעטער פארטיקן שאָסיי!

— טרעט ארײַן אין א שלאָג־בריגאדע!

— איבער די הענט די בארײַסער, אומפליער, פּוסטעפּאסניקעס, שיקורים!

און יאַטן האָבן זיך גענומען ארויסלאָזן א וואנט־צײַטונג פאר ליקווידירן דעם דורכרײַס. שאָלעם האָט א ליד געשאפן פאר דער וואנט־צײַטונג. יאשע האָט אן ארטיקל אָנגעשריבן, וואָס האָט גערופן אלע ארבעטער, אלע שאָפערס זיך מאָביליזירן אויף ליקווידירן דעם דורכרײַס.

און דאָס פאַרטײַיִשע קעמערל קומט צו גײן און קוקט און לויבט די יאַטן. און דאָס פאַרטײַישע קעמערל זאָגט וואָס צו טאָן. און יאַטן טוען מיט גרויס כיישעק.

★ ★ ★

דאָ ניט לאַנג איז געווען אַזאַ צופאַל:

געווען אַ שאָ פאַרן ענדיקן די אַרבעט, איז יאַשע אַוועק מיט יאַנקלען אַזוי זיך דורכריידן און שמועסן וועגן ווײַטערדיקע אַרבעטן, וועגן דעם, אַז מיר—די בריגאַדע—טאָרן ניט אַוועקגײן פון דער דיסטאַנציע קיינמאָל ניט, און ווען מירן ענדיקן די שול—אויך דאָ אַרבעטן און ווײַטער לערנען זיך.

ניט באַמערקט זײַנען זיי אָפּגעגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער און—פאַרבײַ אַ וואַלד.

— טו אַ קוק, יאַשקע, — האָט זיך געווענדעט יאַנקל, — זע נאָר פאַרן [1] אַוטאָמאָבילישע.

— קום צו.

זײַנען זיי צוגעגאַנגען.

אַן אַוטאָ־מאַשין איז געשטאַנען אין וואַלד אַליין, ניטאָ קיין מענטשן, קיינער ניטאָ.

— זע נאָר, און וווּ איז דער שאָפער?

— אַהו־או!

קיינער ענטפערט ניט.

האָבן זיי זיך אומגעקוקט אין אַלע זײַטן און דערזען:

ליגן אַ ביים זײַנען טויט־שיקער געלעגן צוויי שאָפערס. איינער פון זיי — דער שאָפער גלאָבוש. פלעשער פון בראַנפן וואַלגערן זיך לעבן זייערע פיס.

— כאַווער!

ער הייבט זיך ניט.

— צײַט צו פאָרן!

מע שווײַגט.

האָבן זיי גענומען זיי, טרייסלען. יאַשע—פון איין זײַט יאַנקל—פון דער צווייטער.

עס העלפט ניט!

— וואָס זשע טוט מען?

— ווייסטו וואָס, יאַנקל, לאָמיר זיי אַליין אַוועקפירן אין גאַראַזש!

— ווײַז!

אָנגענומען פאַר די פיס, פאַרן אַקסל איינעם, דעם צווייטן און — אין קוזאָוו אַרײַן צווישן די אָנגעלאָדענע שטיינער.

יאַשע באַט רול. ער פרווט דעם סטאַרטער—פאָראַן.

— פאַרזיכטיק, יאַשע!

— האָב ניט מוירע!

און אַוועקגעפירט זיי אין גאַראַזש.

---

[1] פאַרן—אַוטאָמאָביל־לאַסטערס.

זײַנען אין גאַראַזש שוין מאַשינעס געשטאַנען צום רוען נאָך דער טאָגיקער אַר־בעט, זײַנען יאַטן געשטאַנען און געוואַרט: די שאָפערס — אויף דער לעצטער מאַשין, די בריגאַדע — אויף זייער עלטסטן בריגאַדיר.

— שאַט, אָן פאָרט אַ מאַשין.

זע נאָר, ווער זיצט עס באַם רול.

— יאַטן, טוט אַ קוק: יאַשקע, דער עלטסטער בריגאַדיר, פירט די מאַשין.

פונקט צום גאַראַזש צוגעפאָרן, אָפּגעשטעלט די מאַשין. שאָפערס, בריגאַדירן — אַלע קלײַבן זיך אַרום די געקומענע צוויי יאַטן.

אָט גייט כ׳ קראַוטשענקאָ.

— ווו איז דער שאָפער?

— ער ליגט אַ שיכּורער אין קוזאָוו,[1] — האָט יאַנקל אָנגעוויזן אויפן קוזאָוו.

אַלעמענס אויגן אין קוזאָוו. צווישן צוויי גרויסע שטיינער ליגן זיי.

יאַשקע דערציילט, אַזוי און אַזוי, מיר האָבן זיי גאָר ווילנדיק געפונען שוין טויט־שיכּורע.

— אָט, ווער ס׳איז שולדיק אין דורכרײַס?

— ריכטיק!

און אַלע שמועסן איצט וועגן דער העלדישער בריגאַדע.

★ ☆ ★

אין די שאַבעסניקעס אויף ליקווידירן דעם דורכרײַס האָבן זיך באַטייליקט די בריגאַדירן. דער לערער אַראָן איז געקומען העלפן. אין רויט־טאָג איז די גאַנצע שול אַרויס אויפן שאַבעסניק.

— ליק־ווי־דירט!

קלינגט דאָס וואָרט איצט ווי מוזיק:

— געהאָלפן ליק־ווי־די־רן!

און יאַטן זינגען און בריגאַדירן טאַנצן צווישן אַלע שאָפערס. —

— ליק־ווי־דירט!

און שאָפערס קוקן שוין ערנסט, שאָפערס ריידן שוין איצט אויך אַנדערש:

— אָהאָ, אונדזערע בריגאַדירן!

— עמעסע יאַטן!

— אײַנער פאַר צען.

— זיי וועלן העלפן אַרויסשלעפּן פון דער ערגסטער בלאָטע.

— זיי וועלן זײַן גוטע שאָפערס.

---

[1]) קוזאָוו — דער קאָרפּוס פון אויטאָטאָביל.

# בריגאַדירנ פונ פינפיאָר

ס'איז דער יאָנטעוו ערשטער מײַ.

הײַנט, צום יאָנטעוו זײַנענ יאטנ גרייט. עס זײַנענ גרייט די ארבעטער פונ דער אכטער דיסטאנציע, די שול, דער אונטערשעפּישער קאָלווירט, דער אונטערשעפּישער פּאָלק; אלע עלטערנ זײַנענ גרייט צום אינטערנאציאָנאלנ יאָנטעוו—צום ערשטנ מײַ.

קומענ די בריגאַדירנ מיט דערגרייכונגענ, קומט איצט די אכטע דיסטאנציע שוינ מיט אנ איבערגעשטיגענעם פּראָמפינפּלאנ פאר דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דער אָוונט איז א פײַערלעכער. עלעקטרישע לעמפּלעכ באלײַכטנ דעם גרויסנ זאל פונ אלע זײַטנ, פּלאקאטנ רופנ שלאָגנ זיכ פאר טעכניק, פארנ פּראָמפינפּלאנ, פארנ צווייטנ פינפיאָר.



... דער אָוונט איז א פײַערלעכער...

אלעמענס פּנעמער זענענ הײַנט אויס יאָנטעוודיק, פײַערלעכ.

עפנט דעם אָוונט דער סעקרעטאר פונעם פּארטיי־קעמערל, כ' אראָנטשיק.

— ... וויפל דערגרייכונגענ אינ קאמפּ פארנ פּראָמפינפּלאנ, וויפל נײַס און לעבעדיקײַט האָבנ ארײַנגעטראָגנ אינ דער אכטער דיסטאנציע די יונגע בריגאדע אפּ כ' וואָראָשילאָווס נאָמענ.

— ... ראציאָנאליזאטאָרישע פּאָרשלאָגנ, עקאָנאָמיע.

— ... הײַנט פּרעמירנ מיר די בעסטע שלאָגלער־שאָפערס, די גאנצע בריגאדע אפּ כ' וואָראָשילאָווס נאָמענ. הײַנט טראָגט ארויס דאָס פּארטיי־קעמערל און די אדמיניסטראציע פונ דער אכטער דיסטאנציע זייער האַווערישנ דאנק דער גאנצער שול מיטנ לערער כ' אראָנ העלפאנד אינ דער שפּיצ.

— אונטער דער אָנפירונג פונ פּארטיי־קעמערל וועלנ מיר העלפנ פּאָליטעכניזירנ אײַער שול, אײַנפירנ ווארשטאטנ, צופּלאָזנ אנ אווטאָמאָביל אפּ לערנענ די עלטערע

גרופּן אָנפירן און פאַריכטן, מירן אויסטיילן א שטענדיקן טויער צו אײַך פאַר אַן אָנפירער.

אַפּ דער בינע יאַשקע בריגאַדיר.

יאַשקע גיט אָפּ א ראַפּאָרט פון זייער אַרבעט און דערציילט, וואָס זיי האָבן דערגרייכט פאַר דער קורצער צײַט פון זייער פּאָליטעכניזירן זיך אַפּ דער אַכטער דיסטאַנציע.

אַפּלאָדיסמענטן אין זאַל.

לערער אַראָן האָט ליב זײַנע יאַטן אין שול, זײַנע בריגאַדירן אין גרופּע.

און ווען לערער אַראָן רעדט, הערט מען זיך אײַן אויפמערקזאַם.

און ווען לערער אַראָן ענדיקט, פּאַטשן הענט ענטוזיאַזטיש.

— דערגרייכונגען אין שול אַפּן פראָנט פון פּאָליטעכניזאַציע, לענינישער דערציִונג, באַוווסטזיניקער דיסציפּלין, פאַר ח׳ סטאַלינס זעקס אָנווײַזונגען.

לייענט איצט דער פאָרזיצער א צעטל פאַמיליעס: די בעסטע שאָפערן, די בעסטע בריגאַדירן פון שול—ראַדיאָ־אויפנעמער, לענינס ווערק, ביבליאָטעקן, שיך, קאָסטיומען און אַזוי, אַזוי אַנדערע מאַטאָנעס.

דער אָוונט איז א פרײַערלעכער. און ניט נאָר דער אָוונט, בא אַלעמען אין די הערצער ברענען פרײַערלעך. נאָר וואָס קלאַפּן עס הענט אַזוי הילכיק?

דאָס לייענט דער פאָרזיצער א מעלדונג.

שטיל, פּאַוזע.

„מיר, די בריגאַדע פון 18 שילער אַפּ ח׳ וואָראָשילאָווס נאָמען פאַרפּליכטן זיך צו אַרבעטן אַזוי ענערגיש ווי פריִער און ניט אַוועקגיין פון דער אַכטער דיסטאַנציע ביזן סאָף פון צווייטן פינפיאָר״.



# א בריוו פון באקו

זדראַוו, ברודערקע יאַשע!

א גרוס אײַך אַלעמען פון די שלאַג־בריגאדירן אפּ די נאפט־קוואלן. מיר אר־בעטן און דערשלאָגן זיך אזעלכע טעמפּן, וואָס זײַנען ניט דערהערט געוואָרן אין דער געשיכטע.

ווילסטו, יאַשקע, וויסן, ווער זײַנען אונדזערע בעסטע בריגאדירן? שווער זיי אויסצורעכענען: זיי זײַנען דאָ טויזנטער, טויזנטער בריגאדירן פון פינפיאָר.

ביסט אויך א בריגאדיר, העלפסט אויך אויספילן דעם פינפיאָר, ביסט א יאַט! גערים דאָרט אַלע יאַטן—דײַנע בריגאדירן. איך ווינטש אײַך דערפאָלג, אז איר זאָלט אויסוואקסן אקטיווע בויער פון סאָציאַליזם, באוואָפנט מיט דער מארקסיסטיש־לענינישער טעאָריע.

לערן זיך, לערן זיך און לערן זיך!

לערנט זיך פארטיידיקן דאָס פאָטערלאנד פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאריאַט! וואקסט א געזונטער פארבײַט דעם לענינישן קאָמיוג! העלפט אויספילן דעם פינפיאָר!

פּאָליטעכניזירט זיך און ציט אַרײַן אַלע יאַטן אין דער ארבעט.

ווי ארבעט די שטוב־בריגאדע?

גערים זיי אין מײַן נאָמען און זײַ א יאַט.

מיט קאָמגרוס:

דײַן ברודער זעליק.

אפּרעל—1932.

